היסטאָרישע יוגנט - ביבליאָטעק

ז. קאַלמאַנאָוויטש

# די לעצטע קנאים

ארויסגענומען פון זיבעטן בוך פון
יוסיפוס פלאַוויוס „יודישע מלחמות“.




כלל-פאַרלאַג
בערלין 1922-תרפ"ב

KLAL-VERLAG / BERLIN / VERLÄNGERTE CHARLOTTENSTR. 1B

# די לעצטע קנאים.

.1

דאס גאנצע לאנד יהודה איז געווען אונטערטעניג אונטער די רוימער. בײ די מורדים איז געבליבן נאר איין איינציגע פעסטונג, און קעגן איר איז ארויסגעטראָטן דער נייער פּאַרוואַלטער איבער יהודה, פלאַוויוס סילוואַ, מיט אַלע זעלנער, וואס ער האט צונויפ-געקליבן פון דער סביבה ארום. די דאזיגע פעסטונג, וואס האט געהייסן מצדה[1], האבן געהאלטן באזעצט סיקאַריער[2], וואס בראש פון זײ איז געשטאנען אַן איינפלוסרייכער מאן מיטן נאָמען אלעזר[3]. די סיקאַריער האבן זיך געהאט פארשוואָרן קעגן אַלעמען, וואס וועלן זיך אונטערגעבן די רוימער, און זיינען זיך באגאנגען מיט זײ אין אַלע פּרטים, ווי מיט פיינט, האבן אוועקגערויבט און אוועק-

[1]) לייען: מאַסאַדאַ. זי איז געלעגן אין דרומית-מזרחית פון ארץ ישראל, ניט ווייט פונם ים המלח.

[2]) דאָס וואָרט שטאַמט פון „סיקאַ״, דאָס באטייט אין לאטייניש אַ קורצער שווערד, אַ קינזשאַל. מיט אַזעלכע שווערדן, וואס מען האט זײ געקאנט גרינג באהאלטן אונטערן אויבערראָק, זיינען געווען באוואָפנט די קנאים פון די גרעסערע שטעט, אַשטייגער, פון ירושלים, בעת זײ פלעגן ווען זיך אָפּרעכענען מיט זייערע פּאליטישע קעגנער. זײ פלעגן זיך ארייננמישן אין געדיכטן המון מענשן, אויסזוכן דאָרט זייער קרבן און טויטן. פאַרשטייט זיך, אז די דאָזיגע טעראָריסטן האָבן אָנגע-וואָרפן אַ מורא אויף די פרידליכע בירגער, און מיטן נאָמען „סיקאַריער״ האט מען גערופן בכלל אלע עקסטעע קנאים, די הייסטע פרייהייטס-קעמפער, אויך אין תלמוד באגעגנט זיך דער נאָמען סיקריקן.

[3]) אלעזר בן יאיר, דאס איז אַ בארימטער קנאים-אָנפירער, וואס האט זיין ליבע צו פרייהייט געירשעט פון זיינע עלטערן. נאך זיין עלטער-זיידע יהודה איז געשטאנען בראש פון אַן אויפשטאנד קעגן די רוימער.

געשלעפּט בײַ זײַ זײער אײגנס און אונטערגעצונדן זײערע הײַזער. צווישן די דאָזיקע ייִדן, האָבן זײַ געטענעט, און צווישן די פרעמדע איז קײן שום חילוק ניטאָ, ווײַל זײַ האָבן בּוגד געווען קעגן דער פרײַהײט, וואָס מען קעמפט קעגן איר אַזוי הײס, און האָבן אָפן אויסגעקליבן די קנעכטשאַפט פון די רוימער.

קעגן אלעזרן און די סיקאַריער, וואָס מיט אים, איז אַרויסגעטראָטן דער רוימישער קאָמאַנדיר מיט זײַן חיל. די גאַנצע געגנט האָט ער אונטערטעניק געמאַכט אָהן גרויס מיה און האָט אַוועקגעשטעלט אין די פּאַסיקע ערטער גאַרניזאָנען. די פעסטונג גופא האָט ער אַרומגערינגלט מיט אַ מויער, בּכדי עס זאָל פאַר די בּאַלעגערטע זײַן שווער צו אַנטלויפן, און האָט צעשטעלט אויף איר וועכטערס. דערנאָך האָט ער אויסגעקליבן אַ לאַגער-פּלאַץ, וואָס זאָל זײַן בּאַזונדערס פּאַסיק צוליב דער בּאַלעגערונג, — דאָס איז געווען אין יענעם פּונקט, וואו די פעלזן פון דער פעסטונג האָבן זיך געגרעניצט מיטן בּאַרג אין דער שכנות, הגם אין יענעם אָרט איז גראָד געווען שווער צו בּאַקומען די נויטיקע לעבנסמיטלען. וואָרום ניט בּלויז עסנווארג האָבן די געפאַנגענע ייִדן, וואָס זײַנען געוואָרן בּאַשטימט צוליב דעם, געמוזט בּרײַנגען פון ווײַט און מיט גרויסע שוועריקײטן, נאָר אפילו טרינק-וואַסער האָט מען געמוזט אַרײַנפירן פון אַנדערש וואו אין לאַגער, ווײַל ניט ווײַט פון דעם אָרט איז קײן קוואַל ניט געווען.

אַז סילוואַ האָט אויף אַזאַ אופן געמאַכט די נויטיקע הכנות, האָט ער אָנגעהויבּן די בּאַלעגערונגס-אַרבּעטן, וואָס האָבן פאַרלאַנגט די גרעסטע אויפמערקזאַמקײט און אָנשטרענגונג מחמת דער שטאַרקײט פון דער פעסטונג. זי איז געבּויט אויף אַזאַ אופן.

אַ פעלזן-שטײן מיט ניט קײן קלײנעם היקף און מיט אַ בּאַדײַטנדער הײך רינגלען אַרום פון אַלע זײַטן טיפע גראָבּנס, וואָס מען קאָן זײער גרונט ניט דערזעהן און וואָס ניט מענשן און ניט חיות קאָנען אַהין צוקומען. מער ניט אין צווײ ערטער לאָזט דער פעלז צו פון אונטן אַ צוגאַנג, וואָס איז אָבּער נאָך אַלץ אַ שווערער. אײנס פון די דאָזיקע שטעגלאַך ציהט זיך פון ים המלח קײן מזרח-

זייט, דאס צווייטע, וואס אויף דעם איז גרינגער צו גיין, — קיין מערב-זייט. דאס ערשטע רופט מען אָן, מחמת עס איז שמאָל און שטארק געדרייט, שלאַנגען-שטעגל, ווארום עס ברעכט זיך ביי די שפיצן, וואס שטארצן ארויס פונם שיפוע, קערט זיך אום אָפטמאָלס צו זיך אליין און ציהט זיך ווידער אַביסל אין דער לייננג, אזוי אז עס קומט נאר פאמעליך צום ציל. בשעת מען גייט אויפן דאזיגן וועג, מוז מען זיך שטענדיג פעסט איינשפאַרן מיט איין-פוס. וואָרום אויב מען גליטשט זיך אויס, איז מען פארלאָרן אָהן רעטונג, ווארום פון ביידע זייטן זיינען געעפנט טיפע אָפּגרונטן, וואס זייער שרעקליכער אָנבליק קאָן מאכן דערציטערן אפילו דעם מוטיגסטן מענשן.

אז מען האט ארויפגעשטייגט אויפן דאזיגן שטעגל אַ מהלך פון 30 סטאַדיעס[1], דעמאָלט האט מען פאר זיך דעם אויבערשטן טייל פעלז, וואס זעהט אבער ניט אויס שפיציג, נאר ער בילדעט פון אויבן אַ ברייטן פלאַך. דארט האט צוערשט יונתן כהן גדול[2] אויסגעבויט אַ פעסטונג, וואס ער האט אַ נאָמען געגעבן מצדה. שפּעטער האט קיניג הורדוס זיך געגעבן אַ סך מיה זי צו האלטן אין אַ גוטן שטאנד. ער האט ארומגערינגלט דעם גאנצן שפּיץ בארג, וואס האַלט זיבן סטאַדיעס אין היקף, מיט א מויער פון ווייסע קוואדער-שטיינער, וואס איז געווען צוועלף איילן די הייך און אַכט איילן די ברייט, און האט אויסגעבויט אויף איר 37 טורעמס צו 10 איילן די הייך; פון די דאזיגע טורעמס האט מען געקאָנט צוקומען צו די דירות, וואס זיינען געווען צוגעבויט צו דער אינע-ווייניגסטער זייט פון דער מויער פאר איר גאנצער לייננג. אבער דעם עצם שטח פונם שפּיץ האט דער קיניג געלאזן פריי צום באַארבעטן, ווייל די ערד איז געווען באזונדערס פעט און האט אין איר פרוכפערקייט אריבערגעשטייגט די אַקער-ערד אין טאָל. און אזוי האבן די מענשן, וואס האבן געזוכט זיך צו ראטעווען אין

[1] איין סטאַדיע האלט ביי 150 מעטער.
[2] דער חשמונאי.

פעסטונג, ניט באַדאַרפט ליידן קיין נויט, אויב מען וואָלט ניט צוגעפירט געגנוג עסנוואַרג.

אויך אַ קיניגליכן פּאַלאַץ האָט ער אויסגעבויט ביים מערבדיגן צוגאַנג אונטערהאַלב פון מויער. דער דאָזיגער פּאַלאַץ האָט געהאַט זעהר הויכע און שטאַרקע מויערן, און אין די ווינקלען — פיר טורעמס צו 60 איילן די הייך. דער אינעווייניגסטער פּוץ פון זיינע זאַלן, גאַלערייעס און בעדער איז געווען שיין און פּראַכטפול, די זיילן אומעטום פון איין שטיין, די ווענט און די דילן אומעטום אויסגעלעגט מיט מאָזאַאיק.

ווייטער האָט ער געלאָזט אויסהאַקן אין פעלז אין אַלע ערטער, וואו עס זיינען געווען דירות פאַר מענשן, דאָס הייסט אויבן: ביים פּאַלאַץ און פאַרן מויער, אַ גרויסע צאָל ברונימער, בכדי צו פאַרשאַפן דורך דעם פאַרן גאַרניזאָן אַן אָנזאַמלונג פון וואַסער, וואָס אַנדערש וואָלטן זיי עס באַדאַרפט באַקומען פון קרעניצעס.

פון פּאַלאַץ האָט געפירט צום שפּיץ פעלז אַ וועג, אויסגעהאַקט אין שטיין, וואָס פון אויסווייניג האָט מען אים ניט געקאָנט זעהן. אָבער די וועגלאַך, וואָס מען האָט יאָ געזעהן, האָט דער שונא אויך געקאָנט שווער אויסנוצן: וואָרום אויפן מזרחדיגן קאָן מען ניט אַרויף מחמת זיין אויבן געשילדערטער טבע, דעם מערבדיגן אָבער האָט דער קיניג אין שמאָלסטן אָרט געשיצט דורך אַ גרויסן טורעם, וואָס איז אָפּגעשטאַנען פון דער עצם פעסטונג ניט ווינציגער, ווי אויף 1000 איילן, און וואָס ניט מען האָט אים געקאָנט אויסמיידן און ניט איינגעמען מיט גרינגער מיה. אפילו פאַר די פרידליכע באַזוכער פון דער פעסטונג איז דורכדעם פאַרשווערינגט געוואָרן אַריין און אַרויס צו גיין.

בכן, האָבן זיך אויף אַזאַ אויפן פאַראייניגט נאַטור און קונסט, בכדי צו מאַכן די פעסטונג זיכער קעגן פיינטליכע אָנפאַלן.

נאָך אַ גרעסערע באַוואונדערונג האָט געמוזט דערוועקן דער סכום לעבנס-מיטלען, וואָס איז דאָרט געווען אָנגעקליבן, און דער לאַנגער משך צייט, וואָס זיי האָבן זיך דאָרט געהאַלטן. וואָרום דאָרט איז געלעגן אָהן אַ שיעור תבואה, וואָס האָט געקאָנט קלעקן

אויף יאָרן; דאס אייגענע איז אין דער פעסטונג געווען צוגעגרייט אַ סך ווייַן, בוימל, טייטלען און כלערליי פירות.

בשעת אלעזר מיט זיינע סיקאַריער האָבן דורך רמאות איינ-גענומען דעם אָרט, האט ער אַלצדינג געפונען נאך ניט פארדאָרבן און פריש, פונקט ווי מען וואָלט עס אָקאָרשט געהאט ארייגעלעגט, — הגם זינט מען האט אָפּגעלעגט אָט די אלע זאכן, ביז דער צייט, ווען די רוימער האבן די פעסטונג איינגענומען, איז אַוועק כמעט אַ יאָרהונדערט. אבער אויך די רוימער האבן געפונען דעם רעשט פון די פירות אין אזא צושטאנד, אז מען האט זיי געקאנט פולקום עסן. פאר דער אמתער סיבה פון דער דאזיגער דויער-האפטיגקייט באדארף מען מסתמא רעכענען די טבע פון דער לופט, וואס מחמת דער הויכער לאגע פון דער פעסטונג איז זי פריי פון אלע אומריינע אויסדעמפונגען, וואס קומען פאָר נעהענטער צו דער ערד.

ווייטער האט זיך דארט געפונען אַ סך געווער פון אלע מינים, וואס הורדוס האט אָפּגעלעגט, און וואס וואלט קלעקן פאר 10.000 מאן, און אויך אומבאַארבעטע אייזן, קופער און בליי.

אַז דער רוימישער קריגס-הויפטמאַן האט, ווי עס איז שוין דערמאָנט, געהאט ארומגערינגלט דעם גאנצן פלאַץ מיט א מויער פון אויסווייניג און געמאכט גענויע פאַרוואַרעניש, אז קיינער פונם גאַרניזאָן זאל ניט אַנטלויפן, האט ער געלאָזט אָנהויבן די באַלע-גערונג, הגם ער האט געפונען נאָר איין איינציגן אָרט, וואס זאל פאַסן דערצו, מען זאל דארט קאָנען אויסבויען וואַלן.

הינטערן טורעם, וואס האט באַהערשט דעם וועג, וואס פירט פון מערב-זייט צום פּאַלאַץ און צום שפּיץ פעלז, האט זיך געפונען אַ שטייניג בערגל פון אַ היפּשער ברייט, וואס איז געווען גענוג ווייט ארויסגערוקט, נאר עס איז געלעגן מיט 300 איילן טיפער, איידער מצדה. דאס דאזיגע בערגל, וואס מען האט גערופן „דער ווייסער פעלז״, האט סילווא געלאזט איינגעמען און דערנאך האט ער געהייסן זיינע מענשן ברייננגען ערד.

אין גיכן האט זיך מחמת דער פלייסיגער אַרבעט פון אַ סך מענשן אויפגעהויבן אַ פעסטע דאַמבע פון 100 איילן די הייך. אָבער אויך דאָס האָט זיך נאָך ניט אויסגעדוכט פעסט און הויך גענוג, בכדי צו דינען פאַר אַ שטאַנד-אָרט פאַר די מאַשינעס [1]). בכן האָט מען אויסגעבויט פון אויבן נאָך אַ הויך געביי פון שטיינער. חוץ דעם, האָט מען נאָך אויסגעבויט אַ טורעם פון 60 איילן די הייך, וואָס איז געווען באַשלאָגן מיט אייזן און וואָס פון זיין שפּיץ האָבן די רוימער מיט אַ סך סקאָרפּיאָנען און באַליסטן [2]) צוריקגעטריבן די פאַרטיידיגער פון די מויערן און זיי ניט געלאָזט אפילו אַ קאָפּ אַרויסשטעקן.

ווייטער האָט סילוואַ געלאָזט מאַכן אַ גוואַלדיגן שטורעם-באָק [3]) און שטויסן מיט אים אָהן אויפהער אויף דער מויער, און הגם מען האָט זי ניט געקאָנט כמעט צעשטערן, פונדעסטוועגן האָט זיך אים פאָרט איינגעגעבן צו מאַכן אין איר אַ לאָך. נאָר געשווינד האָבן די סיקאַריער פון אינעווייניג אויסגעבויט נאָך אַ מויער, וואָס קענן איר האָבן אפילו די מאַשינעס גאַרנישט ניט געקאָנט אויפטון. וואָרום בכדי זי זאָל זיין אין שטאַנד דורך איר ווייכקייט אָפּצושוואַכן די קראַפט פון די שטויסן, האָבן זיי זי אַזוי געמאַכט.

זיי האָבן אויסגעלעגט גרויסע קלעצער מיט די עקן אין דער לייִנג אַזוי, אַז צוויי שורות פון זיי האָבן זיך געצויגן נעבן אַנאַנד אין אַן אָפּשטאַנד פון אַ מויער-ברייט. דעם מיטלסטן חלל צווישן ביידע שורות קלעצער האָבן זיי אויסגעפילט מיט ערד. בכדי אָבער די ערד זאָל זיך ניט פונאַנדערשיטן, אַז מען וועט העכער מאַכן דעם וואַל, האָבן זיי פאַרבונדן די קלעצער, וואָס זיינען געלעגן אין דער לייִנג, דורך אַנדערע קלעצער, וואָס זיי האָבן איינגעפעסטיגט אין דער ברייט. זינט דעמאָלט אָן האָבן די שטויסן

---

[1]) אויף צו ברעכן די מויער.

[2]) וואַרף-מאַשינעס, וואָס וואַרפן גרויסע שטיינער, קוילן און שפּיזן.

[3]) באַלעגערונגס-מאַשינע, וואָס באַשטייט פון אַ לאַנגען קלאָץ, מיט אַן אייזערנעם שפּיץ, וואָס זעהט אויס ווי אַ קאָפּ מיט הערנער.

פון די מאַשינעס אויפגעהערט ווירקן אויף דער ווייכער מאַסע; נאָך מער, דורך די קלעפּ איז דאס גאנצע געביי נאך פעסטער געווארן.

אז סילוואַ האט דאס באמערקט, האט ער אויסגערעכנט, אז גיכער וועט ער קאנען צעשטערן דעם וואַל דורך פייער, און האט געהייסן זיינע זעלנער שליידערן דערויף אַ סך ברענענדיגע שטורקאַצן. און טאַקי האט זיך די מויער, וואס איז באַשטאַנען אין גרעסטן טייל פון האָלץ, גיך אָנגעצונדן און מחמת איר גרינגען בוי איז זי באלד געשטאנען אין העלן פלאַקער, ארומגעכאַפּט ביזן גרונט.

אבער ביים אָנהויב פון דער שרפה האט זיך אויפגעהויבן אַ צפון-ווינט, וואס איז געווארן געפערליך פאר די רוימער: ער האט אוועקגעבלאָזן די פלאַמען פון דער פעסטונג און זיי געטריבן זיי אין פנים אריין. כמעט האבן זיי זיך שוין מיאש געווען אין נצחון, ווייל זיי האבן מורא געהאט, זייערע מאַשינעס זאלן ניט ווערן פאַרברענט. אבער מיט אמאָל האט דער ווינט זיך אומגע-דרייט, אזוי ווי דורך א גזר מן השמים, זיך אַ קער געטאָן קיין דרום-זייט, און, בלאָזנדיג צוגלייך שטארקער, האט ער געטריבן דעם פלאָם צוריק אויפן מויער, וואס האט שוין געברענט פון אויבן ביז אונטן. איצט האבן די רוימער זיך אומגעקערט אין לאגער מיט אַ פרייליכן האַרצן, פעסט ביי דער דעה אויף מאָרגן צו מאכן דעם אָנפאַל. דערווייל האבן זיי געלאזט איבער נאַכט אַלץ היטן, בכדי קיינער זאל ניט קאנען אַנטלויפן פון דער פעסטונג.

2.

נאָר וועגן אַנטלויפן האט אלעזר לחלוטין ניט געטראַכט, פונקט ווי ער וואלט דאס אויך קיין אנדערן ניט דערלויבט. פאַר-קערט, וויבאַלד ער האט דערזעהן, אז די מויער איז צעשטערט פון פייער, און עס איז ניטאָ קיין אנדער מיטל אויף זיך צו ראטע-ווען אדער פארטיידיגן, האט ער זיך פאַרגעשטעלט, ווי אַזוי די רוימער וועלן זיך באגיין מיט די פרויען און קינדער, ווען זיי וועלן

צו זיי אריינפאלן אין די הענט, און איז געקומען צום באַשלוס, אז אלע מוזן זיך אָנטון אַ טויט. אין היות ווי ביים איצטיגן מצב האָט ער דאס געהאלטן פאר דאס בעסטע, בכן האט ער צונויפגערופן די שטאַרקמוטיגסטע צווישן זיינע חברים און האט געזוכט אויפצומונטערן זיי דערצו דורך אַזאַ רעדע:

„שוין לאַנג, מוטיגע חברים, זיינען מיר פעסט אין דער דעה ניט צו זיין אונטערטעניג ניט די רוימער און ניט עמיצן אנדערן, חוץ גאָט אליין, ווייל ער איז דער אמתער און גערעצליכער האַר איבער די מענשן. איצט אבער איז געקומען דער אויגנבליק, וואס רופט אונז צו באַקרעפטיגן דורך מעשים אונזער הויכן באַשלוס. לאָמיר, דעריבער, זיך ניט מאכן אליין מבוזה דורכדעם, וואס מיר, וואס פריהער האבן מיר ניט געקאָנט איבערטראָגן אפילו אן אומגעפערליכע קנעכטשאַפט, וועלן איצט ארויפציהען אויף זיך מיטן גוטן ווילן אין איינעם מיט דער קנעכטשאַפט אויך די שרעקליכסטע יסורים, וואס וועלן אויף אונז קומען, ווען מיר וועלן אריינפאַלן אין די הענט פון די רוימער. ווארום פונקט אזוי ווי מיר זיינען געווען די ערשטע, וואס זיינען אויפגעשטאנען קעגן זייער יאָך, זיינען מיר נאָך די לעצטע, מיט וועמען זיי האבן נאָך צו קעמפן. איך האַלט עס פאר אַ באַזונדער גאָטס גענאָד, וואס ער האט אונז געגעבן דעם כח אומצוקומען מיט כבוד, ווי פרייע מענשן, וואס דאס איז ניט באַשערט געווען אַנדערע מענשן, וואס זיינען באוועלטיגט געוואָרן אומגעריכטערהייט.

מיר ווייסן דאָך פון פריהער, אַז מאָרגן וועלן מיר אריינפאַלן אין שונאס האַנט; אבער דערווייל האבן מיר נאָך די ברירה אין איינעם מיט אונזערע ליבע צו שטאַרבן אַ בכבודן טויט. דאס קאָנען די שונאים ניט שטערן, ווי שטארק זיי זאלן ניט וועלן באַקומען אונז לעבעדיגערהייט אין זייער האנט. פון דער אַנדער זייט, זיינען מיר אויך ניט מער אין שטאַנד זיי מנצח צו זיין אין קאַמף. גלייך אין אָנהויב אפשר, בשעת אונזערע שטרעבונגען צו פרייהייט האבן באַגעגנט אזאַ גרויסן ווידערשטאַנד מצד אונזערע לאַנדסלייט און נאך א גרעסערן מצד אונזערע פיינט, האבן מיר

באַדאַרפט פאַרשטיין, וואס איז גאָטס גזר דין, און איינזעהן, אַז ער האט באַשטימט צום אונטערגאַנג דאס יידישע פאָלק, וואס איז אים אמאָל אזוי טייער געווען. ווארום אויב ער וואלט געבליבן לייטזעליג צו אונז, וואלט ער מסתמא ניט אזוי רוהיג צוגעקוקט, ווי עס זיינען אומגעקומען אזוי פיל מענשן, און וואלט ניט איבערגעגעבן זיין הייליגע שטאָט אין רשות פון פייער און צעשטערונג. און דאָ קאָנען מיר דען האָפן, אַז אונז אליין צווישן גאנצן יידישן פאָלק וועט זיך איינגעבן צו בלייבן גאנץ און צו ראַטעווען אונזער פרייהייט, אַזוי ווי מיר וואָלטן ניט האָבן געזינדיגט קעגן גאָט?...

איר זעהט דאך, ווי גאָט מאכט צו נישט אלע אונזערע האָפענונגען. ווארום וואס האט אונז גענוצט אויף זיך צו ראטעווען דאס, וואס די דאזיגע פעסטונג איז ניט איינצונעמען? און צי דען האָט גאָט ביי אונז ניט אָפגענומען איטליכע האָפענונג זיך צו ראטעווען, הגם מיר האָבן אָנגעגרייט א סך לעבנס-מיטלען, א סך געווער און אלע איבעריגע זאַכן די והותר? ווארום דאס איז ניט געווען קיין צופאל-זאַך, וואס דאס פייער, וואס איז לכתחילה געווען געווענדט קעגן די פיינט, האט זיך דערנאָך אומגעקערט קעגן דער מויער, וואס מיר האבן אויסגעבויט. נאָר גאָטס צאָרן וועגן די פיל זינד, וואס מיר זיינען באגאנגען קעגן אונזערע לאַנדס-לייט. אבער די שטראָף דערפאר לאָמיר ליידן ניט פון אונזערע דם-שונאים, פון די רוימער, נאָר פון גאָט דורך אונזער אייגענער האנט; וואָרום זיין שטראָף איז אַ גרינגערע. אומגעשענדט זאָלן שטארבן אונזערע פרויען, פריי פון שקלאַוון-קייטן — אונזערע קינדער! און נאָך דעם ווי זיי וועלן זיין טויט, וועלן מיר איינער דעם אנדערן טון דעם לעצטן חסד — דעמאָלט וועט דער אייביגער גרויסער שם, אז מיר האבן הויך געהאלטן די פרייהייט, פארבייטן אונז א בכבודיגע לויה.

פריהער אבער לאָמיר צעשטערן דורך פייער אונזערע טייערע זאַכן און די גאנצע פעסטונג. ווארום איך בין באזיכערט, אז די רוימער וועלן זיך ערגערן, ווען זיי וועלן ניט קאָנען כאַפּן אונז

לעבעדיגערהייט און, חוץ דעם, נאך אָנווערן דעם רויב. מער ניט דאס עסנוואַרג לאָמיר זיי לאָזן, בכדי עס זאל דינען נאך אונזער טויט פאַר אַ ראיה, אז ניט דער הונגער האט אונז גובר געווען, נאָר אז מיר זיינען פון אָנהויב אָן, פונקט אזוי ווי איצט, געווען פעסט ביי זיך בעסער צו שטאַרבן איידער צו זיין קנעכט".

אזוי האט גערעדט אלעזר; אבער נאך ווייט ניט אלע די, וואס זיינען געווען דערביי, זיינען געווען מוסכם מיט זיינע רייד. אמת טאַקע, עטליכע זיינען געווען גרייט מיטן גאַנצן האַרצן אויסצופירן זיין פאָרשלאָג. נאך מער, זיי האבן זיך ארויסגעוויזן כמעט ווי מלא שמחה, ווייל זיי האבן געהאלטן אזא טויט פאר א בכבודיגן. פאַרקערט, די ווייכהאַרציגערע צווישן זיינע מענשן האט אָנגענומען אַ רחמנות אויף די פרויען און קינדער, און היות ווי אויך זיי איז געשטאַנען פאַר די אויגן דער זיכערער אונטערגאַנג, דעריבער האבן זיי איינער דעם אַנדערן אָנגעקוקט מיט טרערן אין די אויגן און האבן דורך דעם ארויסגעוויזן זייער אומצופרידנקייט מיט אלעזרס פלאַן. אז יענער האט באמערקט זייער געפאַלענע שטימונג און האט געמוזט איינזעהן, אז זייער מוט האַלט ביים פאַלן מחמת יענער פאַרצווייפלטער עצה, איז אויף אים אָנגעפאלן אַ שרעק, טאָמער וועלן זיי דורך זייער קלאָגן און וויינען רירן אויך די יעניגע, וואס האבן אויסגעהערט זיינע ווערטער מיט א מוטיגן האַרצן. דעריבער האט ער ווייטער זיך גענומען אויפמונטערן זיי. זיין געשטאַלט האט זיך אויסגעגלייכט, און אַ פייערדיגע באַגייסטערונג האט אים דורכגעדרונגען, און ער האט אָנגעהויבן א באַגייסטערטע רעדע וועגן השארת הנפש[1]. מיט אַ געהויבענער שטים, זיינע אויגן גלייך געווענדט צו די וויינענדיגע, האט ער אזוי געזאָגט:

„באמת, איך האב זיך שטארק גענאַרט, בשעת איך האב גערעכנט, אז איך באשטיי דעם קאַמף פאר פרייהייט אין איינעם מיט מוטיגע מענער, וואס זיינען פעסט ביי זיך צו שטאַרבן, אויב

[1] דער גלויבן, אז דעם מענשנס נשמה לעבט אייביג נאכן טויט פון גוף.

זיי קאָנען ניט לעבן אין כבוד. צום באַדויערן אבער, שטייט איר בנוגע צו גבורהשאפט און מוט ניט העכער פאר איטליכן באַליבּיגן מענשן פון אַ גאַנץ יאָר, וויבאַלד אז איר האט מורא פאַרן טויט אפילו דעמאָלט, בעת ער באַדאַרף אייך אויסלייזן פון די גרעסטע צרות, — אַנשטאָט צו קוקן אים גלייך אין די אויגן אָהן פּחד און אָהן דעם, אז עמיצער זאל דארפן אייך אויפמונטערן דערצו.

ווארום פון דער ערשטער רגע, זינט מיר זיינען געקומען צום באַוואוסטזיין, האט מען לויט אַן אלטער מסורה אונז געלערנט, און אונזערע זיידעס און עלטער-זיידעס האבן עס באקרעפטיגט מיט זייערע מעשים און מחשבות, אז ניט דער טויט, נאָר דאס לעבן איז פאַרן מענשן אַן אומגליק. וואָרום דער טויט גיט די נשמות די פרייהייט און עפנט פאר זיי דעם צוגאַנג צו יענעם ריינעם אָרט, וואס איז זייער היים און וואו קיין שום צרה וועט זיך מיט זיי מער ניט טרעפן. אבער כל זמן זיי זיינען נאָך צוגעבונדן צום שטאַרבליכן גוף און אָנגענומען פון זיינע פעלערן, קאָן מען זיי מיט אַן אמת באצייכענען פאר טויט; וואָרום די פאַרבינדונג פונם געטליכן מיט דעם, וואס שטארבט אָפּ, איז עפּיס אומנאטיר-ליכס. אמת, די נשמה קאָן אויך אויפטון גרויסע זאַכן, בעת זי וואוינט נאך אין גוף, דורך דעם, וואס זי מאכט אים פאר איר אייגענעם פילנדיגן געצייג, וואס זי באוועגט אים אומגעזעהענערהייט און הויבט אים אויף איבער זיין שטאַרבליכער נאטור דורך גרויסע מעשים. אבער ערשט דעמאָלט, ווען זי מאכט זיך פריי פון דער דריקנדיגער שווערקייט, וואס ציהט זי צו דער ערד, און דערגרייכט צו איר אמתער היים, באקומט זי א חלק אין דער יצירה און, ווי גאָט אליין, פירט זי אן אייביגן קיום, וואס דעם מענשנס אויג קאָן אים ניט זעהן. אוודאי קאָן מען זי אויך ניט זעהן, כל זמן זי געפינט זיך אין גוף: אומגעזעהענערהייט קומט זי, און קיינער בא-מערקט זי ניט, בשעת זי גייט אוועק, און הגם זי גופא לויט איר טבע קאָן זיך ניט אומבייטן, פונדעסטוועגן ווערט זי די סבה פאר אלע שינויים אין גוף. וואָרום דאס, מיט וואס די נשמה פאַרבינדט זיך, דאס לעבט און אנטוויקלט זיך; אבער דאס, פון וואס די

נשמה שיידט זיך אָפּ, פאַרוועלקט און שטאַרבט אָפּ — אַזוי גרויס זיינען די אוצרות פון אומשטאַרבליכקייט, וואס זיינען אין איר באַהאַלטן. די דייטליכסטע ראיה דערצו, וואס דאָ איז געזאָגט געוואָרן, קאָן פאר אייך זיין דער שלאָף, וואס דעמאָלט גענינסן די נשמות די זיסטע רוה. אומגעשטערט דורכן גוף, צוריקגעצויגן אין זיך, פאַרקערן זיי מיט גאָט, וואס פון אים שטאַמען זיי, פליהען ארום אומעטום און זאגן פאראויס א סך זאַכן, וואס וועלן געשעהן.

טאָ ווי אַזוי קאָן מען מורא האבן פארן טויט, אויב מען האט ליב די רוה אין שלאָף? און צי דען וואלט ניט געווען א סימן פון נארישקייט, אויב עמיצער זאל שטרעבן צו ערדישער פרייהייט און פונדעסטוועגן זיך ניט פארגינען די אייביגע פרייהייט? דעריבער האבן מיר באדארפט שוין אויפן סמך פון דער ערציהונג, וואס מיר האבן באקומען, באווייזן אנדערע א ביישפיל, ווי אזוי מען איז מקבל באהבה דעם טויט.

נאָר אויב מיר האבן נאך נויטיג מוסטערן פון דער פרעמד, לאָמיר אַ קוק טון אויף די אינדער, וואס פארנעמען זיך מיט לערנען חכמה. די דאזיגע אידעלע מענער טראגן איבער דאס ערדישע לעבן בלויז מיט א ווידערווילן, ווי אַ שקלאַוון-דינסט, וואס די נאַטור האט אויף זיי ארויפגעלעגט, און פרייען זיך, אז די נשמה ווערט אויסגעלייזט פונם קערפערס קייטן: ניט מחמת דעם, וואס זיי דריקט אדער מאַטערט עפּעס אַ ווייטאָג, נייערט מחמת בייַנקשאַפט נאָכן אייביגן לעבן זאגן זיי אָן די אַנדערע, אז זיי זיינען מוכן ומזומן אוועקצוגיין פון דער וועלט. קיינער שטערט זיי ניט דערין, פאַרקערט, איטליכער האלט זיי פאר גליקליך און גיט זיי מיט שליחותן צו פאַרשטאַרבענע קרובים — אזוי פעסט און זיכער גלויבן זיי אין דער פאַראייניגונג פון די נשמות. נאך דעם ווי זיי האבן באקומען די שליחותן, ענטפערן זיי איבער זייער גוף דעם פייער, בכדי אָפּצושיידן די נשמה פון גוף אין מעגליכער ריינקייט, און שטאַרבן מיט לויב-געזאַנגען אויף די לעפּצן. זייערע ליבע אבער באַלייטן זיי צום טויט מיט אַ גרינגערן האַרצן, איידער אנדערע מענשן באלייטן ארויס זייערע מיטבירגער

צו אַ ווייטער נסיעה; זיך גופא באַווײנען זיי, יענע אבער האַלטן זיי פאַר גליקליך, ווייל זיי זײנען שוין אויפגענומען אין די רייהען פון די אומשטאַרבליכע. צי דען מוזן מיר זיך ניט שעמען, וואָס מיר קאָנען זיך ניט דערהויבן צום איידעלן געדאַנק פון די אינדערע, און אַז דורך אונזער פּחדנות זײנען מיר משנה די געזעצן פון אונזערע עלטערן, וואָס פון וועגן זיי איז אונז מקנא די גאַנצע וועלט?

אָבער אויב פון שטענדיג אָן וואָלט מען אונז געלערנט פּונקט דעם היפּוך, דאָס הייסט, אַז דאָס ערדישע לעבן איז דעם מענשנס העכסטע גוטס, און אַז דער טויט איז אַן אומגליק, פאָדערט פון אונז אונזער איצטיגער מצב, מיר זאָלן אים אַריבערטראָגן מיט אַ גוטן מוט, ווייל דאָס פאַרלאַנגען גאָטס רצון און די הכרחיות. וואָרום שוין לאַנג האָט גאָט דאָס גוזר געווען, לויט ווי מיר דוכט בנוגע צום גאַנצן יידישן פאָלק: מיר מוזן אָנווערן דאָס לעבן, ווייל ער וויל אונז מער ניט זײן לײטזעליג. אויף אייך גופא באַדאַרפט איר ניט אַרויפלייגן די שולד, און אויך ניט צורעכענען דאָס פאַר אַ פאַרדינסט פון די רוימער, וואָס די מלחמה קעגן זיי האָט אונז אַרײנגעוואָרפן אין פאַרדאַרבעניש. וואָרום ניט דורך זייער קראַפט איז דאָס געשעהן, נייערט אַ העכערע מאַכט האָט דאָס גוזר געווען, אַז זיי קאָנען זיך באַטראַכטן פאַר זיגער.

למשל, צי דען איז דאָס געווען רוימיש געווער, וואָס דורך דעם זײנען אומגעקומען די יידן אין קיסריה [1]? ניין, זיי האָבן לחלוטין ניט געטראַכט וועגן אַ מרידה, און אין דער צייט, ווען זיי האָבן געהאַלטן שבת, איז דער המון פון קיסריה אָנגעפאַלן אויף זיי, האָט זיי אויסגעקוילעט אין איינעם מיט זייערע ווייבער און קינדער, ניט באַגעגנט אפילו דעם קלענסטן ווידערשטאַנד, און האָט אפילו ניט געשראָקן זיך פאַר די רוימער, וואָס האָבן דערקלערט פאַר פיינט נאָר די אָפּטריניגע, דאָס הייסט, מענשן פון אונזער שניט.

---

[1]) א האַוון־שטאָט ביים מיטללענדישן ים. דאָרט איז געווען די רעזידענץ פונם רוימישן פאַרוואַלטער איבער יהודה. אין אָנהויב פון דער מלחמה איז דאָרט פאָרגעקומען א גרויסע שחיטה פון יידן.

נאָר מען וועט אָפּשלאָגן, אז די איינוואוינער פון קיסריה האבן שטענדיג געפירט מחלוקת מיט די יידן און, אויסגענוצט אַ גינסטיגע געלעגנהייט, האבן זיי געשטילט נאָר אַן אלטע שנאה. נאָר וואס וועלן מיר זאגן וועגן די יידן פון סקיטאָפּאָלים[1]? די גריכן צו-ליב האבן זיי אויפגעהויבן דעם שווערד קעגן אונז, אַנ-שטאָט אין איינעם מיט אונז, זייערע פאָלקס-ברידער, צו קעמפן קעגן די רוימער. אבער וואס האבן זיי געהאט פון זייער גוט-גינציגקייט און פריינטליכקייט בנוגע צו זייערע גריכישע מיטבירגער? אין איינעם מיט זייערע משפּחות זיינען זיי אויסגעקוילעט געוואָרן אָהן רחמנות; דאס איז געווען דער דאנק פאר זייער הילף. דאס, וואס זיי האבן געוואָלט אונז שטערן אָנצוטון די גריכן, דאס איז מיט זיי געשעהן, אזוי ווי דאס האט געמוזט קומען אזוי.

נאָר עס וואלט מיך אוועקגעפירט צו ווייט, אויב איך וואלט געוואָלט אלצדינג איבערגעבן בפּרטיות: איר ווייסט דאך, אז עס איז ניטאָ קיין איין שטאָט אין סיריען, וואס זאל ניט האבן אום-געבראכט אירע יידישע איינוואוינער, הגם יענע זיינען געווען א סך פריידליכער געשטימט קעגן אונז, איידער די רוימער. איך וויל נאָר ברייננען עטליכע ביישפּילן. אזוי האבן די איינוואוינער פון דמשק, הגם זיי האבן ניט געקאָנט אויסטראכטן אפילו א שאָטן פון אן אויסרייד, באפלעקט זייער שטאָט דורך אַ שרעקליכער בלוט-פארגיסונג, דורך דעם, וואס זיי האבן אויסגעהרגעט 18000 יידן מיט זייערע ווייבער און קינדער. ווייטער זיינען אין עגיפּטן פארפייניגט געוואָרן צום טויט אָהן א שיעור יידן — לויט ווי עס לאזט זיך הערן, 60000.

אוודאי האבן יענע געפונען אַ טרויעריגן טויט אין פרעמדן לאנד, ווייל זיי זיינען איבערגעגעבן געוואָרן אָהן שוץ אין די הענט פון זייערע פיינט. אבער אויך די, וואס האבן אין זייער אייגענעם לאנד געפירט מלחמה קעגן די רוימער, און וואס אומעטום האט מען געקאָנט האָפן, אז זיי וועלן האבן דעם נצחון, האבן אויך

[1]) אדער בית-שאן — א שטאָט אין צפון ארץ-ישראל, וואו דער רוב איינ-וואוינער זיינען געווען גריכן און סיריער.

דעם דאָזיגן נצחון ניט באַקומען. וואָפן, מוניצע, פעסטונגען, וואָס זיינען ניט איינצונעמען, און אַ מוט, וואָס האָט אָהן פחד זיך אַרויסגעשטעלט קעגן אַלע סכנות פונם באַפרייאונגס-קריג, — דאָס אַליין האָט באַשטאַרקט דאָס פאָלק אין זיין פּלאַן צו דערוועגן זיך אויף אַן אויפשטאַנד. אָבער נאָך דעם ווי דאָס האָט געדויערט נאָר אַ קורצע צייט און האָט אונז אָנגעפילט מיט גוטע האָפענונגען, האָט עס זיך אַרויסגעוויזן שפּעטער בלויז ווי אַ סיבה פון נאָך אַ גרעסערן אומגליק. איין פעסטונג נאָך דער אַנדערער איז געוואָרן איינגענומען און איז אַריינגעפאַלן צום שונא אין די הענט, אַזוי ווי זיי וואָלטן בלויז צוליב דעם געווען אַזוי אויסגעבויט, בכדי נאָך גלענצנדער צו מאַכן דעם נצחון פון די רוימער, און ניט צוליב העלפן ראַטעווען זיך די יעניגע, וואָס האָבן זיי אויסגעבויט.

נאָר די, וואָס זיינען געפאַלן אין שלאַכט, האָט מען געקאָנט נאָך האַלטן פאַר גליקליך, וואָרום זיי זיינען לכל הפחות געשטאָרבן מיטן שווערד אין דער האַנט און האָבן נישט געפעלשט אין דער פרייהייט. אָבער ווער וועט ניט רחמנות האָבן אויף יענע, וואָס זיינען אַריינגעפאַלן אין רוימישער געפאַנגענשאַפט? און ווער וואָלט ניט מיט פרייד לאָזן זיך טויטן, איידער אים וועט טרעפן דער אייגענער גזר-דין? פון די דאָזיגע אומגליקליכע זיינען אייניגע געשטאָרבן אויפן עשאַפאָט, פאַרפייניגט דורך פייער און קלעפּ; אַנדערע ווידער, פון ווילדע חיות האַלב צעריסן, זיינען לעבעדיגערהייט איינגעהיט געוואָרן צוליב אַ צווייטן מאָלצייט פאַר די חיות רעות — צום שפּאָט און צום פאַרוויילן פון זייערע פייניגער. אָבער צום מיינסט זיינען צו באַקלאָגן יענע, וואָס לעבן נאָך און קאָנען ניט געפינען דעם הייס געוואונשענעם טויט.

און וואו איז איצט יענע גרויסע שטאָט, די הויפּטשטאָט פון דער יידישער אומה, וואָס איז געווען באַפעסטיגט דורך אַזוי פיל מויערן, געשיצט דורך אַזוי פיל שלעסער און טורעמס, די שטאָט, וואָס האָט קוים געקאָנט איינהאַלטן די מאַסע קריגס-געצייג און געהאַט אין זיך אַזוי פיל צענדליגער טויזנטער מענער, וואָס האָבן פאַר איר געקעמפט? וואו איז זי אַהין געקומען, די

שטאָט, וואס דער אויבערשטער האט זי אויסגעקליבן אין איר צו וואוינען? ביזן טיפסטן גרונט איז זי צעשטערט, און ווי אַן איינציגע מצבה פון איר איז געבליבן נאר דער לאַגער פון אירע פארוויסטער, וואס שטייט נאך אויף אירע חורבות...

אויב עמיצער זאל א טראכט טון וועגן דעם, ווי קאן ער נאך וועלן קוקן אויפן ליכטיגן טאָג, אפילו אויב ווייטער וועט ער קאנען לעבן בשלום? און ווער איז דער שונא פון פאָטערלאנד, דער ווייכהארציגער און פחדן, אז ער זאל זיך ניט מצער זיין דעריבער, וואס ער דארף נאך לעבן ביז היינט? הלואי וואלטן מיר אלע געשטארבן, איידער מיר האבן דערזעהן, ווי די הייליגע שטאָט איז צעשטערט געווארן דורכן שונאס האנט, און דער בית-המקדש אזוי פארברעכעריש פארוויסט!

אודאי זיינען מיר אויפגעהאלטן געווארן דורך דער איידעלער האָפענונג, אפשר וועלן מיר קאנען נאך ווען עס איז נקמה נעמען פונם שונא דערפאר; אבער איצט איז די דאזיגע האפענונג אויך אוועק, און מיר שטייען עלנט און פארלאזן פנים אל פנים מיט דער נויט. לאמיר ניט זאַמען צו שטאַרבן אין כבוד! לאמיר רחמנות האבן אויף זיך אליין, רחמנות אויף אונזערע ווייבער און קינדער, כל זמן מיר האבן נאך די פרייהייט צו טון אזא בארימהארציגקייט. ווארום צוליבן טויט זיינען מיר געבארן, און צוליב דעם טויט האבן מיר אויך אונזערע קינדער געהאט: אפילו די גליקליכסטע קאנען אים ניט אויסמיידן. אבער פייניגונג און שקלאווערייַ און מוזן צוזעהן, ווי אזוי פרויען און קינדער ווערן אוועקגעשלעפּט פונם שונא, — דאס זיינען ניט אזעלכע צרות, וואס דער נאטור-הכרח האט זיי ארויפגעלעגט אויפן מענשן, נייערט אזעלכס טרעפט זיך מיט זיי מחמת זייער אייגענער פחדנות, ווייל זיי ווילן ניט שטארבן, איידער זיי דערלעבן דאס אלץ, הגם זיי וואלטן דאס געקאָנט טון.

מיר, פארקערט, האבן מורד געווען קעגן די רוימער אין שטאָלצן פאַרטרויען אויף אונזער כוח און האבן נאך גאר ניט לאנג ניט געוואלט אויסהערן זייער פאדערונג זיך אונטערצוגעבן.

וועמען וועט דאס ניט קלאָר זיין, ווי שווער זייער נקמה וועט אונז טרעפן, ווען זיי וועלן אונז אריינקריגן לעבעדיגערהייט אין זייערע הענט? ווי וועט דעמאלט זיין צו די יונגע לייט, וואס זייער קערפער-קראפט וועט מוזן אויסהאלטן גאָר אפולע עינויים! ווי אויך צו די זקנים, וואס וועלן מחמת זייער טיפן עלטער ניט קאָנען מער אריבערטראגן די יסורים! דעמאָלט וועט איינער זעהן, ווי מען וועט זיין ווייב אוועקפירן צו פייניגונג, אן אנדערער וועט הערן די שטים פון זיין קינד, ווי עס יאָמערט נאָך זיין פאָטער, וואס ביי אים זיינען די הענט געבונדן!

נאר ניין — כל זמן די דאזיגע הענט זיינען נאך פריי און קאָנען האלטן דעם שווערד, זאלן זיי אונז טון די גרעסטע גענאָד! ניט פארשקלאווט דורך די פיינט לאָמיר שטאַרבן, ווי פרייע מענער, אין איינעם מיט ווייבער און קינדער, לאָמיר זיך שיידן פון לעבן. דאס באפעלן אונז די געזעצן, דאס בעטן ביי אונז אונזערע ווייבער און קינדער. צו דער נויטווענדיגקייט צו טון דעם דאזיגן שריט האט אונז געבראכט גאָט, און דעם היפוך דערפון פאַרלאַנגען די רוימער; זיי האבן מורא, טאמער וועט איינער פון אונז שטאַרבן, בעת די פעסטונג וועט פאלן. דעריבער לאָמיר זיך איילן צו לאזן זיי, אָנשטאָט דער געוואונשענער פרייד, וואס אונזער געפאנגען- נעמונג האט באדארפט זיי פארשאפן, דאס שרעקליכסטע בילד פון אונזערע טויטע קערפערס און פארוואונדערונג איבער אונזער דרייסטקייט!"...

.3

אַז ער האט נאך געוואלט ווייטער ריידן, האבן אלע אים איבערגעריסן אין מיטן די רייד און, אָנגעכאפט פון א ווילדן אימפעט, האבן זיי זיך געשטופט צו טון און זיינען אוועקגעלאָפן, אזוי ווי א בייזער רוח וואלט זיי געטריבן. איינער האט געזוכט זיך צו פעדערן פארן אנדערן, און איטליכער האט גערעכנט זיך ארויסצוווייזן פאר באזונדערס מוטיג און אנטשלאסן דורכדעם, וואס ער וועט זיך געפינען נישט צווישן די לעצטע — אַזאַ מין

דאָרשטיגער באַגער האָט זיי אַנגעכאַפּט אויסצוהרגענען זייערע ווייבער און קינדער און קעגנזייטיג זיך אַליין.

אויך איז זייער היץ ניט אָפּגעקילט געוואָרן, בשעת זיי זיינען צוגעטראָטן צו דער אויספירונג, ווי מען האָט געקאָנט מיינען, נייערט זיי זיינען פאַרבליבן פעסט ביי די מחשבות, וואָס אלעזרס רעדע האָט זיי געהאַט איינגעפּליסט. אודאי זיינען זייערע געפילן צו קרובים און גוטע פריינט ניט געמינערט געוואָרן; אָבער דער פאַרשטאַנד, וואָס האָט זיי געזאָגט, אַז אויף אַזאַ אופן זאָרגן זיי צום בעסטן פאַר זייערע ליבע, האָט באַקומען די אויבערהאַנט. אַזוי האָבן זיי אויסגעפירט זייער החלטה, — אַרומגענומען זייערע פרויען מיט ליבשאַפט, צוגעדריקט זייערע קינדער צום האַרצן און באַדעקט זייערע ליפּן מיט די לעצטע קושן, — אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך באַדינט מיט אַ פרעמדער האַנט. זייער טרייסט האָבן זיי געפונען ביי דער דאָזיגער געצוואונגענער שחיטה אין דעם געדאַנק וועגן די פיינינגונגען, וואָס די זייעריגע וואָלטן באַדאַרפט אויסשטיין, אויב זיי וואָלטן אַריינגעפאַלן אין שונא׳ס האַנט.

צולעצט האָט זיך קיין איינער ניט אַרויסגעוויזן פאַר צו שוואַך צוליב דער שרעקליכער אַרבעט, נאָר אַלע האָבן כסדר אויסגעקוילעט זייערע ליבע. ווי געשריען איבער דער שרעקליכער נויט, וואָס מחמת איר האָט זיך די אומגליקליכע אויסגעדוכט פאַר דער קלענסטער צרה, מיט דער אייגענער האַנט אויסצושעכטן זייערע ווייבער און קינדער!

ניט אין שטאַנד אַריבערצוטראָגן דעם ווייטאָג איבער דעם, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן, און מיט דעם געפיל, אַז זיי וואָלטן באַגאַנגען אַן עולה קעגן די טויטע, אויב זיי וואָלטן זיי איבערגעלעבט כאָטש איין קליינע ווייל, האָבן זיי דערנאָך צונויפגעשלעפּט אַלץ דאָס טייערסטע אין איין הויפן, אונטערגעצונדן עס און האָבן דערנאָך אויסגעקליבן צען פון זייערע חברים, וואָס האָבן באַדאַרפט ווערן די מערדערס פון אַלע איבעריגע. אַנידערגעלעגט זיך נעבן זיין ווייב און זיינע קינדער און אויסגעשפּרייט זיינע אָרעמס איבער זיי, האָט איטליכער פון זיי אויסגעשטרעקט

זיין האלז אנטקעגן די צען, וואס האבן געטאָן דעם טרויעריגן דינסט.

קוים אבער האבן די לעצטע אָחן ציטערן און מורא געהאט דערשטאכן אלע זייערע חברים מאן פאר מאן, האבן זיי על פי גורל אנגענומען דעם באשלוס בנוגע צו זיך גופא: דער, אויף וועמען עס איז געפאלן דער גורל, האט באדארפט אומ-ברענגען די איבעריגע ניין און צולעצט אויך זיך גופא; וואָרום אלע האבן דאך געהאט צו אַנאַנד דעם פעסטן צוטרוי, אז איטליכער פון זיי וועט מיט גלייכער פרייד מוסכם זיין אויסצופירן דעם באשלוס סיי ווי א טוער און סיי ווי א ליידנדיגער. אזוי האבן די ניין זיך געלאזט טויטן דורכן שווערד.

דער איינער אבער, וואס איז דער לעצטער נאָך לעבן געבליבן, האט נאָר באַקוקט דעם הויפן פון די, וואָס זיינען געלעגן, צי איז ביי דער גרויסער שחיטה אפשר איינער איבערגעבליבן, וואָס זאל באדאַרפן זיין הילף צום שטאַרבן, און אז ער האט געפונען, אז זיי זיינען טאַקע אלע מיט אַן אמת טויט, האט ער אונטערגעלעגט פייער אין פּאַלאַץ, דערנאָך האט ער זיך גופא געשטאָכן מיט אַ קרעפטיגער האַנט און איז אַנידערגעפאַלן נעבן זיינע חברים אין אומגליק.

אַזוי זיינען זיי געשטאָרבן אין דער איבערצייגונג, אַז זיי האָבן קיין נפש ניט איבערגעלאָזט, וואס האט געקאָנט אַריינפאַלן צו די רוימער אין די הענט. נאָר איין באַיאָרנטע פרוי און אויך אלעזרס אַ קרובה זיינען שטילערהייט אין איינעם מיט פינף קינדער אַריינ-געקראָכן אין אַן אונטערערדישן גראָבן, אין דער צייט, ווען די געדאַנקען פון די אַנדערע זיינען געווען אין גאַנצן פאַרנומען מיט טויטן זייערע חברים.

די צאָל טויטע, אַריינגערעכנט ווייבער און קינדער, האט באַטראָפן 960. די דאָזיגע שרעקליכע מעשה איז געשעהן 15 טעג אין חודש ניסן.

אויף מאָרגן אין דער פריה האבן די רוימער, וואס האבן זיך געריכט אויף אַ ווידערשטאַנד, זיך געמאַכט גרייט, פאַרבונדן זייער וואַל און די מויער דורך פאַל-בריקן און זיינען אַריין אין דער

פעסטונג. אבער אַז זיי האָבן קיין איין פיינט ניט דערזעהן, נאָר אומעטום אַן אומהיימליכע פוסטקייט, אינעווייניג אין פּאַלאַץ פייער, און בכלל האָבן זיי באַמערקט אַ טיפע שטילקייט, — האָבן זיי זיך ניט געקאָנט אויסמעלן, וואָס דאָ איז געשעהן.

צולעצט, אַז מען האט באַדאַרפט אָפּשיסן די פיילן, האָבן זיי אויפגעהויבן זייער שלאַכט-רוף, בכדי דורך דעם אַרויסצורופן דעם, אדער יענעם פון די איינוואוינער. דאָס דאָזיגע געשריי האָבן דערהערט די פרויען און זייערע תיכף אַרויסגעקראָכן פון אונטער-ערדישן גאַנג און האָבן דערציילט די מעשה מיט אַלע פּרטים; באַזונדערס איינע פון די פרויען האט געוואוסט צו דערציילן אויפס גענויסטע אַלצדינג, וואס עס איז גערעדט און געטאָן געוואָרן. נאָר די רוימער האבן ווינציג וואס אויף איר געהערט, ווייל זיי האבן ניט געגלויבט דער שרעקליכער מעשה, נייערט זיי האבן זיך גע-מאַכט אַ וועג דורך די פלאַמען, געפּרובט איינצולעשן די שרפה, און זייַנען אַריינגעדרונגען אין פּאַלאַץ אַריין.

אבער אז זיי האָבן דאָ מיט אַן אמת דערזעהן די פיל דער-הרגעטע, האבן זיי זיך ניט געפרייט, ווי איבערן אונטערגאַנג פון שונאים, נאָר זיי האבן באַוואונדערט דעם מוטיגן באַשלוס און די פאַראַכטונג צום טויט פון אזוי פיל מענשן, וואס האבן אין דער מעשה גענומען אַן אָנטייל.

## היסטאָרישע יוגנט־ביבליאָטעק

ס'איז ארויס פון דרוק:

# ז. קאַלמאַנאָוויטש

## די לעצטע טעג פון ירושלים



# ב. דינאַבורג

## אויפן שוועל פון מיטלאַלטער



כלל־פאַרלאַג
בערלין 1922-תרפ"ב

